Périodique pour maintenir la tradition de l'humour juif

די איינציקע יידיש-סאטירישע צייטונג אין דער וועלט

נר. 108 — ניסן תשמ״א - דערשיינט זייט מאַי 1961 (תשכ״א) - AVRIL 1981

# שפּיגלמאַ

רעדאַקטאָר: אברהם אבוש ליבערמאַן

# כל חמירה... לבטל ולהוי כעפרא דארעא

איז ווו האַלטן מיר אין דער וועלט? ביים זמן חרותנו. דעם יום־טוב פון באַפרייאונג. פון יציאת מצרים. מ'איז אַרויס פון מצרים.

דאָס יידישע מזל איז נעבעך אַזוי קאָמפּליצירם און פאַרוויקלט אַז כמעט יעדעס מאָל ווען מיר קריכן אַרויס פון איין צרה קריכן מיר אַריין אין אַ צווייטע צרה.

מ'איז אַרויס פון מצרים. איז מען אַריין אין א מדבר, מיט אַן ערב־רב וואָס האָבן זיך געבונטעוועט פון בענקשאַפט נאָכן סיר הבשר, מיט מאכן ס'עגל, מיט אַן אָנהייב פון מלחמות קעגן פּלישתים עמלקים מיט סתם עגמת נפש פון מרגלים

און היינט? יעדן ערב פסח פאַרברענט מען דאָס חמץ און מ'מיינט אַז שוין. פּטור געוואָרן. אויס חמץ. אַן אילוזיע ברידער מיינע. ס חמץ קומט תמיד צוריק. אַלע פּגע רע'ס אַרע פאַלשע מנהיגים, פאַרשע משיחן פאַלשע פאַרזאָרגערס, פאַלשע פּרעזידענטן פאַרשע פּראָפעסאָרן פיקטיווע פאָרקס־פּריינט וואקסן אויס ווי פון אונטער דער ערד אויף צו עקספּלואַטירן די תמימות פון פאָלק פאַר זייערע קעשענעס. מיר צאָלן פאַר אונזער נאַאיווקייט.

נאָך גוט וואָס מיר יידן פאַרשטייען א וויץ. מיר ווייסן אַז לא אחד בלבד עמד עלינו. מיר ווייסן אויך אַז עסן בלויז מצה וואָלט געווען צו רייך פאַר דעם אתה בחרתנו־פאָלק אַז צו מצה דאַרף מען אַביסעלע מרור אַזוי ווי הלל הזר בורך מצה ומרור.

אָבער צו וואָס רעדן וועגן פסח אַז מיר זענען נאָך מיטן פּורים נישט פאַרטיק

איינע פון די וויכטיקסטע פּורים־פאַרווייַלונגען איז געווען די פּאַראַדיע פון אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון שרייבער־פאַראיין. דרייצן יאָר האָט מען באַדאַרפן ביז מ'האָט ענדלעך איבערצייגט דעם פּרעזעס אַז עס קאָן ווייטער נישט אַזוי גיין. האָט ער זיך מיטגעברענגט עטלעכע „שטאַרקע", פון זיינע יאָטן און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דעם פּורים־שפּיל.

אויפן סמך פון אינפאָרמאַציעס מצד איינעקע וואָס זענען דאָרט געווען בין איך געוווּער געוואָרן אָט־וואָס

— „איך בין געווען פון די וואָס האָב כאַלד געוואָלט אַוועקגיין ווייל איך האַלט אַז מדבר שקר תרחק אָבער דאָ האָט זיך אָנגערופן איינער פון די „שטאַרקע" און געוואָרנט: „קיינער זאָל זיך נישט רירן פון אָרט! ווען נישט'

אַ צווייטער האָט מיר דערציילט

— ווען מ'האָט פאַרגעשלאָגן געהיימע וואַלן, האָט אַ צווייטער „שטאַרקער' זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט „ווער עס וועט וואָגן שטימען קעגן פּרעזעס וועט מען אים אהיים פירן אויף א טראָגבעטל".

ביי אַ דריטן האָב איך זיך דערוווּסט ווער עס איז לגמרי נישט געקומען צו דער פאַרזאַמלונג. ליטווין איז געווען? ניין, ד ר כאַרוויטש איז געווען? ביין משה שולשטיין איז געווען? ניין. באַרווין־פּרענקעל? ניין רבקה קאָפּע? ניין האַנרי ביילאָוקאָ? ניין טאַניע זיסמאַן? ניין, חנה שריט? ניין. הובערמאַן? ניין דוד מלכי? ניין. משה וואַלדמאַן? ניין. מנוחה ראָם? ניין. שושנה פרידריך? ניין יחזקאל קאָרנהענדלער? ניין נח גריס? ניין.

די פּופּצן אויטענטישע שרייבער זענען מיט א טאָג פריער געווען געזונט נאָך דעם טאָג פון דער אַזוי גערופענער פאַרזאַמלונג זענען אַלע פּלוצים קראַנק געוואָרן. . א ווילסטע עפּידעמיע איז פּלוצים אויסגעבראָכן...

— איז געווען אַ ליידיקער זאַל?

— ניין, ער האָט צונויפגעשלעפּט העכער צוויי מנינים.

— שרייבערס?

— במו שרייבערס און עטלעכע זענען אפילו געווען אויטענטישע שרייבערס ווי אברהם ווייץ, לילי בערגער. זרמן גאָסטינסקי משה לבני. וכדומה.

Les minables

איין זאַך פאַרשטיי איך נישט. וואָס האָט דער שרייבער זלמן גאָסטינסקי דאָרט אַהין געצויגן וויסנדיק זייער גוט אַז ס איז א פּאַראַדיע? האָט ער גערעכנט אַז מ וועט אים פאַרשלאָגן צו ווערן פאַרזיצער פון פאַריין? איך בין זיכער אַז ער וואָלט נישט אָנגענומען אַזא אומכבוד איז ער געגאַנגען זיך סתם אמיזירן? האָט ער אַ בעסערן געשמאַק. וואָס־זשע האָט אים געצויגן אהין? נישט צו פאַרשטיין

וימת משה ...

צר לי מאוד עליך אחי משה
דיין פטירה ללא עת האט א סך מענטשן דער שיטערט ואני בתוכם
האסט געהאט אסך מעלות מ קאן זאגן כשמי כ הוא שיינמאן שיינגייסט
דו וועסט אונז פעלן בנימין שלעווין בלע מות לנצח

# יורדים האבן מזל




דאָס איז דער עמבלעם וואָס מיר האָבן געפונען אין אַ ישראל־צייטונג, מיט דער אונטערשריפט · „לחזק הרגש הלאומי״

פאַראַן נאָך היינט יידן וואָס מ׳דאַרף „באַקרעפטיקן״ זייערע נאַציאָנאַלע געפילן ?..

צו דעם צוועק האָט זיך געשאַפן אין ישראל און אין פילאַדעלפיע, אַ געזעלשאַפט מיטן נאָמען „איל״ה״, וועמענס ראשי תיבות ווילן זאָגן „ארגון ישראלים לשיבה הביתה״. מיט אַנדערע ווערטער · פועלן ביי די יורדים זיי זאָלן זיך צוריק אומקערן אהיים, אין ארץ ישראל

איז דאָס א גרויסער אויפטו (אַ חידוש וואָס יצחק קאָרן האָט זיך נישט געכאַפּט צו דעם משא ומתן). דאָס וועט — לאָמיר האָפן — צוריק ברענגען קיין ישראל א גרזיסע צאָל יורדים אויב מ׳וועט זיי צוזאָגן געוויסע פריווילעגיעס. דאָס הייסט ; אויב ישראל וועט באַזייטיקן די סיבות צוליב וועלכע זיי זענען אַנטלאָפן פון הייליקן לאַנד.

עס וואָלט געווען מער טרעפלעך מער באַראַקטעריסטיש ווען שטאַטס א קליישע מיט אַ הירשין, בעסער אַ האַז . . . סימבאָליזירן די וואָס זענען געוואָרן „האַזן״ אַנטלויפנדיק פון דער יידישער מדינה.

לאָמיר אָננעמען, אַז קיינער פאַרלאָזט נישט זיין לאַנד אויב ער האָט נישט קיין אַפּהאַלט פון נישט קענען זיך איינאָרדענען אָדער דער קלימאַט דינט אים נישט. זענען אָבער פאַראַן יידן וואָס האַלטן אַז בעסער לעבן אַן קאָנפאָרט און אַן רייבטום אין אונזער יידישער היים, ווי זובן גליקן אַנדערשוו. ווי עס זאָגן חז״ל , פת במלח תאכל ומים במשורה תשתה

אָבער דאָס איז שוין צופיל פאַרלאַנגט.

מיר קענען אַזעלכע וואָס פרווזן באַלד נישט זיך באַזעצן אין דער יידישער מדינה, נאָר פאַרן בעסער זובן גליקן אין בזענאָס איירעס (יצחק יאַנאָסאָוויטש ווייסט וועמען מיר מיינען).

אַז מ׳רעדט שוין וועגן עולים און יורדים, איז אפשר כדאי אייך איבערגעבן אַ פאַקט וואָס דער שרייבער פון די שורות האָט איבערגעלעבט (איבערגעלעבט אָבער נאָבנישט פאַרדייעם. !.)

זיהי היום, ווען דער שרייבער פון די דאָזיקע פערלדיקע שורות, האָט איבערגעציילט, אַז ער אַרבעט שוין פופציק יאָר פאַר ארץ ישראל, פאַרן ציוניזם, האָט ער באַשלאָסן צו גיין זיך באַזעצן אין דעם אויסגעבענקטן לאַנד

אומר ועושה. ער האָט איינגעפאַקט עטלעכע וועשמשעס אין אַ וואַליזקאַלע, מיט טלית ותפילין אונטערן אָרעם און איז אַוועק צו דער סובנות. מיט אַ פרייד אין הארצן און געמאָלדן איך וויל עולה זיין.

אַ באַאַמטער פון הויכן ראַנג איז צו מיר צוגעקומען ·

— מ ט וואָס קאָן איך אייך דינען ?

— אנו רוצה לעלות ארצה — האָב איך געענטפערט מיט שטאָלץ

— איר האָט קינדער ?

— ארבע...

— אַ פרוי ?

— איך בין נאָך א פריייידיקער

— איר האָט דאָך פיר קינדער ?

— דאָס איז פון מיינע ערשטע דריי ווייבער.

— אן אלמן ?

— ניין אַ גרוש.

— איז לאָזט פריער אייערע קינדער עולה זיין, ווייל איר זענט שוין צו אלט... דאָס לאַנד דאַרף יונגע מענטשן..

דאָ האָט מיר אָנגעהויבן ווערן קאַלט אין די ביינער. איך בין שוין צו אַלט !... איך פרוו אים אויפקלערן :

— מיינע קינדער זענען שוין דאָ איינגעאָרדנט און האָבן נישט בדעה צו פאַריאַזן פראַנקרייך.

— טאָ זייט אַ טאַטע און לאָזט נישט די קינדער אַליין...

— זיי דאַרפן מיך נישט. זיי האָבן הויכע פאָסטנס. בלויז איך אַליין וויל פאָרן זיך באַזעצן אין מיין לאַנד... מיין לאַנד ! !

— פון ווען אָן איז עס אייער לאַנד ? וואָס האָט איר שוין געטאָן פאַר אייער לאַנד ?

— זיכער מער פון איך ! ווייל איך אַרבעט פאַרן ציוניזם שוין העכער פופציק יאָר ! פופציק יאָר !...

— מיט וואָס האָט איר עס אַזוי געאַרבעט ? איר האָט געפלאַסטערט בביטיט ?

— מיט דער סטאַלקע, ס׳הייסט מיט דער פעדער, מיט טינט... טעג נישט דערעסן, נעכט נישט דערשלאָפן בלויז געהאַט איין ציל ; דעם קיום פון יידישן פאָלק אין זיין אייגן לאַנד.

— מ׳האָט דאָך אייך געצאָלט פאַר דער אַרבעט ?

— ס׳מזל אויף די שונאים ! נאָך גוט וואָס מ׳האָט געצאָלט. אָבער ווען איך האָנדל מיט שקאַרפעטקעס, וואָלט די אַרבעט געווען רייבטער און איך וואָלט היינט געהאַט אַ פאַלאַץ אין קאַן, געפאָרן מיט אַ ראָלס ראָיס, געהאַט איין ווייב מיט צוויי מעטרעסן און וואָלט געהייסן אַנדערע עולה זיין אַזוי ווי עס טוען אַ סך שיינע יידן, קהילה־גראַבלעס, צו וועמען איר באַציט אייך מ׳טן גרעססן בכוד און בעטלט ביי זיי אַ פּאָר פראַנק פאַר ישראל.

איך האָב נאָך געהאַט א סך צו זאָגן דעם באַאַמטן פון עליה־אַמט אָבער ער האָט נישט געוואָרט הערן און מיר געוויזן די טיר

ביים גיין צוריק אין מיין גלות־היים מיט דער וואַליזע אין איין האַנט, סלית און תפילין אין דער צווייטער האַנט, קוים געקאָנט באַהערשן די טרערן וואָס האָבן מיך געוואָרגן אין האַלדז. האָב איך געטראַכט, אַז געדעבט איז געווען שלום עליכם, וואָס האָט געזאָגט אַז אַן מ״ל זאָרמען גאָרנישט געבוירן ווערן

היינט טרייסט איך זיך דערמיט אַז ישראל האָט גאָרנישט פאַרלוירן דערפון וואָס די שפּילקעס ווערן נישט געמאַכט אין נתניה, נאָר אין ברינוא...

אגב בין איך נישט איין שרייבער פון וועמען די מדינה ישראל וואָלט גערן געוואָלט פטור ווערן אַזוי האָבן מיר דאָך געלייענט אין סאָוויעטיש היימלאַנד״ פון אויגוסט 1980, אונטערן קעפל . „אַזוי באַגייען זיי זיך מ׳ט יידישע שרייבערדאָרט ווערט ציטירט אַ געשפּרעך צווישן דיבטער יוסף פאַפּיערניקאָוו און שרייבער יצחק לודען.

אַ ייד צו וועמען באַפּיערניקאָוו איז געגאַנגען דינגען א דירה האָט ער אים נעשטעלט אַזאַ מין קשיא . „ווי קומט עס וואָס אַזאַ ייד ווי איר וואָס לעבט שוין 53 יאָר אין לאַנד, זאָל נישט האָבן קיין אייגענע דירה קיין שטענדיקן דאָך איבערן קאָפּ״ ?

יוסף פאַפּיערניקאָוו האָט יאָרן לאַנג געלעבט אין תל־אביב אויף אַ דאָך אַדער אין א קעלער־שטוב מיט נאָך צוויי שכנים. זיין הכנסה באַשטייט דריי־פערטל פון קצבה און א פערטל פון האָנאָראַר פאַר זיין שרייבן.

מצד ישראל איז די דאָזיקע ידיעה נאָבנישט אָפּגעלייקנט.

אין דער בונדישער „אונזער שטימע ווערט איבערגעדרוקט אַן אַרטיקל פון מרדכי צאַנין ווו מיר לייענען צווישן אַנדערן : „די ציוניסטישע אידייאישע עליה איז, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, געווען און איז אַ ביז גאָר באַשיידענע״

ווייטער שרייבט צאַנין : „אין דער איצטיקער תקופה, ווען אין דער פרייער וועלט איז נישטאָ קיין טרייב־כוח פאַר עליה, און אין ישראל איז נישט בנמצא קיין צוציאונגס־בוח, ווי אַזוי קאָנען מיר חלומען וועגן אַן עליה, וואָס אָן איר זענען מיר אויסגעשטעלט אויף סכנות פאַר דעם עצם קיום פון דער מדינה ?״.

גיי פאַרשטיי א וועלט..

**מנחם**

---

LES EPINGLES Bulletin intérieur

Directeur de la publication
Abram Abus Liberman
63, avenue de Paris, 91800 BRUNOY
Tél 046 23 07
Imprimerie IM PO , 65, rue du Fg St Denis, 75010 Paris

# רבי אלימלך האט געהייסן זיין פריילעך

## אומטרייסטבאַרער אלמן

בעת דער לוויה פון זיין ווייב, וויינט ער און קלאָגט: „דו ביסט געווען דאָס ליבט פון מיין לעבן, מיין ליבטיקייט"...

מיט איניקע וואָכן שפּעטער איז דער־שינען א מודעה אז ער גייט בקרוב חתו־נה האָבן. זיין פריינט יקותיאל פרעגט אים:

— היתכן? האָסט ערשט געקרעכצט אַז דאָס ליבט פון דיין לעבן איז פאַר־לאָשן געוואָרן און...

— יאָ אָבער ווי לאַנג קאָן א מענטש זיצן אין דער פינצטער?.

□

## ער קאָן איר גאָרנישט אָפּזאָגן

מיין מאַן קאָן מיר גאָרנישט אָפּזאָגן. ווען איך האָב אים געזאָגט אז אויב ער וועט זיך ווייטער אַזוי פירן פאָר איך שוין צוריק צו מיין מאַמען. עס האָט נישט געדויערט קיין צען סעקונדן האָט ער תיכף טעלעפאָנירט נאָך א טאַקסי און באַצאָלט אין פאָרויס פאר דער נסיעה.

□

## ער פאָלגט דעם דאָקטאָר

דער דאָקטאָר פרעגט ביי דער פרוי

— אייער מאַן פאָלגט מיין אָנזאָג אז ער זאָל נעמען יעדן פרי א גרעזל קאָ־ניאַק?

— א שאלה צי ער פאָלגט! ער האָט שוין גענומען פאר אַ גאַנץ יאָר אין פאָ־רויס!

□

## ביים גט־פּראָצעס

דער ריבטער פרעגט די פרוי׳ הלמאי זי וויל זיך גטן?

— ווייל ער האָט א געוווינהייט צו זינגען בעת ער זיצט אין דער וואַנע.

— דאָס איז נישט קיין סיבה פאר א גט.

— אָבער ער צווינגט דאָך מיך אז איך זאָל אים באַגלייטן אויף דער פּיאַנע.

□

## אין א לול

דער אייגנטימער פון א ייד איז גע־פאַלן אויף אַ גענייאַרע המציאה. ער האָט געגעבן זיינע הינער צו טרינקען קאָכע־דיק וואַסער־ אַזוי אַרום האָבן די הינער געלייגט הארטע אייער.

## בעטהאָווען נעבעך

דער בירגערמייסטער פון שטעטל האָט געפראַוועט א יערלעבן יום־טוב פאַר די איינוווינער. מיט סורפּריזן

— דאָס יאָר — האָט געזאָגט דער כיר־גערמייסטער — וועט פאָר איך שפּילן מיין ווייב אויפן פּיאַנאָ „די סאָנאָטע כיים לבנה־שיין און שפּעטער וועט איר אַלע זיך דאַרפן אויפשטעלן מיט אַ מינוט שווי־גן כדי צו בעטן מחילה ביים אומגליק־לעכן בעטהאָווען

## זי קאָן נישט געפונען

דער מאַן פרעגט ביי די חייב וואָס זי זובט אַרום דעם גאַנצן טאָג?

— איך זוך דאָס בוך „ווי אַזוי דער־לעבן ביז 120".

— דאַרפסט נישט זוכן איך האָב גע־זען ווי דיין מאַמע האָט עס אָנגעהויבן לייענען. האָב איך עס פאַרברענט

□

## בייט משפחה־טיש

דער טאַטע מיט דער מאַמע זיצן און קוקן זיך צו ווי דער קליינער זשאַקעלע זיצט איבערגעבויגן איבערן טעלער קרופּ־ניק ער בלעפּטשעט אויפן גאַנץ הויכן קול און פאַסמאַקעוועט זיך פאַרניסט זיך דאָס העמד. דער פאָטער פילט אז ער דאַרף אינטערוועגירן

— זאָג מיר זשאַקערע קינד מיינס דו ווייסט וואָס דאָס איז אַזוינס א קליין חזירל?

— כ'ווייס דאָס איז א זון פון אן אַלטן חזיר.

## אשריך ישראל

דאָס איז נישט איר טאַטער נאָר זי אליין די וואָרט־קינסטלערין ניוסיא גאָלד, די ג'ט־נעבענטשטע אַמבאַסאַדאָ־רין פון יידישן קינסטלערישן וואָרט, וואָס נעפינט זיך איצט אויף גאַסטראָלן אין אייראָפּע.

דער שרייבער פון די שורות באַנריסט זי הארציק הגם ער איז נאָכנישט דער־נאַנגען צו דער מדרגה זי זאָל אויך אים אריינגעמען אין איר רעפּערטואר.

# מענדל גליקסמאן טשעפּעט מיט ברינוא

אין „אונזער שטימע" פון 27־טן מערץ איז פאַראַן אַ מאמר פון מענדל גליקסמאַן, אין וועלבן ער פאַרטיידיקט די אויטענ־טישע יידישקייט פון אהרן ליוסטינגער, הגם ער איז דערהויבן געוואָרן צו דער הויכע מדרגה פון אַרציבישאָף אין פּאַ־ריז.

מענדל גליקסמאַן האָט טענות צו יחז־קאל קאַרנהענדלער, הלמאי ער באַנאַ־טעליזירט די נאַציאָנאַלע געפילן פון די מיטגלידער פון „בונד".

מענדל שרייבט: „הייסט עס, איז אייך געגאַנגען דערין צו באַווייזן פאר די לייע־נער פון „אונזער וואָרט" אז ביים „בונד" האָט מען דערצויגן קינדער אין דעם גייסט אז ס'זאָל פון זיי ארויסקומען קאָ־טוילישע גייסטלעכע? מיינט איר נישט אליין (דאָס שרייבט ער צו יחזקאלן פ ש.) אַז דאָס איז פון אייער זייט בייזווילקייט צו שרייבן אַזעלכעס קעגן „בונד" וואָס האָט דערצויגן דורות אין ייִדיש־נאַציאָ־נאַלן גייסט אויב דער טעמפּעראַמענט ביי קאַרנהענדלערן זאָר ווייטער אזוי אנ־האַלטן. דערוואַרט אים א גרויסע צוקונפט צו ווערן דער יואָרט־זאָגער ביי די ליובאַ־וויטשער פון ברינוא"

איז טאַקע א חידוש אויף אונזער פריינט קאַרנהענדלער צו האָבן אַזאַ שטעלונג לגבי דעם „בונד . ווען נישט דער „בונד" וואָלטן מיר היינט געהאַט אַ יידישע מדי־נה? כאַזינט אייך. יחזקאל! עס איז נאָך נישט צו שפּעט איר זאָלט אָנשרייבן אַ הכחשה אין די „שפּילקעס". מיר שלאָגן אייך פאָר פאָלגנדיקע אויסבעסערונג

חטאתי ר מענדל חטאתי! איך האָב גערעכנט דערמיט אַז אין גע־וויסע צייטונגען פאַרן אָפּט אריין דר ק פעלערן וועט עס במילא אויסקומען איננאַנצן פאַרקערט. איך צי צוריק אלץ וואָס כ'האָב געשריבן קעגן שלוט אש און קעגן מאַרק שאַגאַר

וואָס שייך די בר־מצווה פון בישאָף ליוסטינגער איז אפשר נאָך היינט אויך נישט צו שפּעט און דער „בונד" דאַרף נעמען אויף זיך איינצואָרדענען די דאָזיקע צערעמאָניע אין זאָל 52 די כעראַנזשע. דערמיט. מיין איך אז דער אינצידענט איז דערליידיקט. און איך גיב צו: זאָל לעבן דער בונד׳ זאָל לעבן מעדעם!

מיט פריינטשאַפט אייער.

יחזקאל קאַרנרענדלע

וואָס שייך די צוקונפט אין ברינואַ. האָבן מיר שוין לאַנג געטראַכט דערוועגן. האָט נאָך דאָמאַנקעוויטש ע"ה געזאָגט קאַרנהענדלער פעלט אונז אין ברינוא.

איבערנעלייענט מענדל גליקסמאַנס נביאות האָבן מיר זיך באַטראַכט מיט קאָמפּעטענטע פּערזענלעכקייטן און האָבן פעסטגעשטעלט, אַז קודם כל איז ער נאָך צו יונג. אפשר אין צען יאָר ארום נאָר אויב ער וויל דווקא קומען זיך באַזעצן אין ברינואָ שוין איצט. איז נישט אלס ראש־ישיבה נאָר אַלס בעל־תשובה א חוץ דעם דאַרף קאַרנהענדלער וויסן אז אין ברינוא וועט ער שבת נישט טראָגן נישט ער נישט זיין פרוי

לאָמיר נאָך צוגעבן אז ברינוא איז א פעסטונג פון יידישקייט און אפילו מופ־תים באַווייזט די דאָזיקע שטאָט וואָס הגם מיר זענען אומפאַרמעגלעכע פּראָ־לעטאַריער באַווייזן מיר ארויס צו געבן א צייטונג וואָס איז די איינציקע אין דער וועלט פון דעם מין

ירוחט

# ענטפער דעם פּראזאיקער אברהם ווייץ

דער פּראזע־מייסטער אברהם ווייץ האט מיך אנומ ט געפרעגט: „פון וואַנען און ע״ן וואס האבן זיך אנגעהויבן די ווידעראנאנדן צווישן דיר מיט לענע־מאן׳

ביי די היינטיקע שטורמישע ציטן איז נישט קיין חידוש וואס מענטשן ליידן פון זכרון־שוואכקייט (צווישן אנדערע) מ זאל אלץ געדענקען, דארף מען האבן צען קעפּ און נישט זיין סקלעראָ...

וויל איך טאקע דיך דערמאנען וועגן דעם אודשפּרונג (ווי געפעלט דיר דאס וואָרט „אורשפּרונג״?) פונעם מחלוקת לשם עולם הזה

רייג־זשע צו דעם קאפּ מיין ליבער ווייץ און פאַרנעם מיינע צארטע ווערטער צו דיר:

לענעמאן איז מיט העכער צען יאָר קאריק (דאָס וואָרט „קאריק״ איז צו אינטעלינענט און איך באַנוץ עס בלויז פאַר דיר. מאַן שער) געווען דער נאַטשעלני רעדאַקטאָר פון א פעריאָדישע אויסגאבע וואָס האָט געהייסן „נייע שטימע״; פינאַנסירט דורך זיין רייכע פארטיי „די אלגעמיינע ציוניסטן׳

ער איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין בוטיק־יידי ווי היינט. נאָר דער זעלבער קבצן וואָס דו, וואָס איך און קיין שבר האט ער אויך נישט געהאט מער ווי ער האָט היינט. שטעי־זשע דיר פאַר. אויך בעל גאווה דער זעלבער.

און איצט, צום פּוינט אין זיין צייטונג פון אפּריל 1969 האָט לענעמאן געשריבן — נישט מער און נישט ווינ־קער — אַז די יידישע ווייטער האבן פאַרטריבן דע גאָ׳ן פון דער מאַכט. אז זיינע יידן זענען געגאַנגען איבעד די הייזער (ט וואָלט גיכער געפאַסט פאר אים) און נערפּן שטימען קעגן דע גאָ׳ן.

דאָס האָב איך געהאַלטן פאר אַן אראָגאנטע חוצפה ווייל ס׳איז אַ בפירושער ליגנט — און בעיקר איז עס אַ געפאַר פאַרן ישוב ווו די גאַליסטן זענען א מערהייט אין פּאַרלאַמענט

ווייץ דו ביסט עפּעס א מבין אויף אזאַ הפקרותדיקער פלוידעריי? דיך, אַלס געוועזענער קאַמבאַטאַנט פון דער רומרייכער פראַנצויזישער אַרמיי, וואָלט עס נישט באַרירט?

לענעמאַנט באַלעבאַטים האָבן טאַקע די צייטונג באַלד אָפּגעשטעלט.

ווען לענעמאַן האָט זיך באַוויזן ביי אונז אין רעדאַקציע „אונזער וואָרט״, האָב איך — אין דער אַנוועזנהייט פון מענדל מאַן און אַנדערע קאָלעגן — איבערגעפרעגט לענעמאַנען הלמאי ער האָט אַנגעשריבן אזאַ געפּערלעכע פּאַטקודסווע?

דערויף האָט דער דאַזיקער פאַרשוין מיר אָפּגעגענספערט אויף א זייער „איי־דעלן, אינטעליגענטן״ אופן וואָס פּאַסט גיבער פאַר אַ פּראָפעסיאָנעלן עזות פנים: „איך האָב אייך אין דר׳ערד״ (...).

ווי מיינסט דו ווייץ. פאַר אַזאַ גייסטריבן ענטפער איז ער לבל הדעות ווערט געווען פעטש? יאָ צי ניין?



ליידער ביז איך האָב באוויזן מיך צו כאַפּרייען פון מענדל מאַנס אַרעמס, איז לענעמאַן דערוויייל העלדיש אַנטלאָפן און תיכף ומיד אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו זיין אַפּאַראַטשיק בערל קוטשער ער זאָל מיר אַנשרייבן אַ בריוו. אַז איך בין „פאַרהאַנגען׳. דאָס הייסט, אז דער שרייבער־פאַראיין קאַן זיך באַגיין אָן מיר (קוטשער איז דעמאָלט געווען דער סעקרעטאַר פון שרייבער־פאַראיין).

דאָס איז געווען דער אָנהויב

כאַלד דערנאָך איז צונעקומען די מעשה נבלה, בעת דער לוויה פון פּאָעט אלחנן וואָגלער ווו לענעמאַן אַלס פּרעזעס פון די שרייבערס, האָט נעלייענט אן עקל־האַפטן הספד ביים אָפענעם קבר. אז ביי וואָגלערן אין שטוב איז תמיד געווען אומריין אַז ער האָט געהאַט א שלעכטן כאַראַקטער אין אַז ער איז אַייך שור־דיק אין זיין פּריצייטיקן טוים (לייען „פּאַריזער שפּייקעט״ נומער 59). קיין אנדערע מעלות האָט ער נישט געפונען ביי אלחנן וואָגלער

ווי געפעלט דיר אזאַ לאַבוועריי. ווייץ? לאָמיר דרך אגב צוגעבן אַז ווען מענדל מאַן האָט זיך געפּילט ביים טוף פון זיין לעבן, האָט ער איבערגעלאָזן אין דער צוואה, או מ׳זאָל קיינעם נישט לאָזן מאַכן קיין הספּד אויף זיין לוויה. מיר האָבן אַלע פאַרשטאַנען וועמען ער האָט געמיינט...

## דאָס איז סתם

גייסטיקע קאַרליקעס האָבן מזל. כפרט ווען מען רייבט זיך צווישן דער רעאַקציע אַלס זייער פּירשפּרעכער. נעפינט מען תמיד ווער עס זאָל זיך פאַר אים אָננעמען אַזוי איז עס געווען זיין הליץ שמעלקע קאָן ע״ה וואָס האָט נישט געלאָזט פאַלן קיין שטויבעלע אויף אים אַזוי איז עס היינט. ווו ער נעפינט שוץ. די רעאַקציע (חבר זעצער. זיי זיך נישט טועה אויף שרייבן רעדאַקציע) איז א בוח! אַ נרויטער בוח. דאָס זענען שטענדיק געווען און היינט אויך. זיינע פּראַטעקטאָרן. א פּראָלעטאַריער קאָן קראַפּירן ווען זיך קיינער נישט אַננעמען זאָלט אַפילו טויזנט מאָל קושן די הענט. ביסט דו פאַר זיי אַ פּרעמדער.

שטיי איך טאַקע איצט פאַר דיר מיין האַרציקער פריינט ווייץ א געבונדענער פון העכער דרייסיק יאָר פריינטשאַפט, וואָס בינדט אונז ביידע און וואָרט זאָלסט מיר זאָגן אויף וועלכער זייט עס ליגט די גערעכטיקייט. די וואָס האָסט נעזאָגט אז די „שפּילקעס״ זענען דאָס געוויסן פון ישוב טון דיין מויל זאָל פאַלן דער אויד־טייר

דיינער ווי תמיד איבערגעגעבענער פּשיאַטשעל: אאל



## בשר ודגים וכל מטעמים

א לידל א יחוס געזונגען
דורך דזשאָן פּירס

רבניו:

— בשר וואָס איז?

— כשר׳ ביי די גבירים איז בשר אַן אויסגעבראָטן קאַטשקעלע. אָבער ביי די קבצנים, אוי ווי קבצנים איז בשר א לינג און לעבערל נעבעך.

— דגים וואָס איז?

— ביי די גבירים איז דגים אַ צאַפּלדיק העכטאלע. אָבער ביי די קבצנים, אוי ווי. ביי די קבצנים איז דגים אַן אויסנעווייקטער הערינג נעבעך..

— לחם וואָס איז?

— ביי די גבירים איז לחם אַן אויסגעבאַקן בילקעלע מיט פּומער. אָבער ביי די קבצנים אוי ווי ביי די קבצנים איז לחם אַן אויסגעדאַרטע טובאַרע נעבעך..

— מטעמים איז וואָס?

— ביי די גבירים איז מטעמים אַ לאָקשן־קוגל און אַ מייערן צימעס. אָבער ביי די קבצנים, אוי ווי. ביי די קבצנים איז מטעמים אַ יאָורט נעבעך...

